בעזה"י.

ספר

# משיח אלמים

דער וואס מאכט ריידען שטומע

א סיפור המעשה וואס מען האט געפונען פארשריבען אין א פנקס, וואס עס האט פאסירט נים ווייט פון לעמבערג אין א דארף, וואס פון דעם לערנען מיר ווי ווייט מען קען דערגרייכען אז מען היט זיך פון רכילות און ווי ווייט מען דארף זיך היטען אפילו פון אבק לשון הרע, און דער וואס וועט לייענען דעם ספר און וועט פאלגען און זיך היטען פון לשון הרע וועט זוכה זיין און וועט זעהן פני השכינה.

---

מהרב המחבר ספר

שפתי ראם, והצלת נפשות און ביאת המשיח

## הרב ר' אליהו מרדכי מזאה

---

שנת תרצ"ו לפ"ק

---

נדפס על ידי

מוינעשטער פאבלישינג קאמפ.

1569 איסט ניו יארק עוועניו

ברוקלין, נ. י.

# הקדמה

איך שרייב דיזע הקדמה צו דיזען קליינעם וויכטיגען ספר, מען זאָל וויסען אַז ניט דער סיפור המעשה איז וויכטיג נאָר איבערהויפט איז וויכטיג די זאכען וואָס מיר קענען פון דעם לערנען אַפּצוהיטען, און דער וועלכער וועט לייענען די געשיכטע און ער וועט אַריין נעהמען אין די געדאַנקען אָפּצו-היטען דאָס וואָס עס ווערט דאָ דערצעהלט וועט איהם גאָט אָפּהיטען פון אַלעם שלעכטעס און ער וועט געבענשט ווערען מיט אַלעם גוטעס.

אויך וויל איך בעטען אַלעמען צו פאַרדינען די מצוה פון החזקת התורה, איך זאָל קענען זיצען און לערנען, און העלפען מיר פאַרקויפען די ספרים, וועלכע זיינען זעהר וויכטיג פאַר'ן יודענטהום. דיזע ספרים זיינען דאָ ביי מיר צום פאַרקויפען :

ספר שפתי ראָם, אַ ספר פאַר לומדים.
ספר הצלת נפשות, אידיש.
משיח געהט, משיח קומט, אין אידיש.
משיח אַלמים, אַ סיפור המעשה אין אידיש.

קויפט דיזע ספרים, און בזכות התורה און בזכות החזקת התורה וועט איהר געבענשט ווערען מיט כל טוב סלה.

הרב ר' אליהו מרדכי מזאה

RABBI E. M. MAZA

30 Rutgers Street New York, N. Y.

# דער משיח אלמים

אין א גרויסען דאָרף ניט ווייט פון לעמבערג איז געווען איין ארענדער וואָס ער האָט געהאַלטען די ארענדע און א שיינק. די מעשה וואָס מיר געהען דאָ שרייבען האָט פאַסירט אין דער צייט וואָס אידען האָבען געלעבט זייער גוט און האָבען געהאַט אַלע רעכטע, דאָס איז געווען אין שנת תצה"ל, און אידען האָבען געלעבט רוהיג אין אַלע דערפער, און זיי האָבען פאַר קיינעם קיין מורא ניט געהאַט, און אַלע קריסטען האָבען געמאַכט די גרעסטע געשעפטען נור מיט אידען. און אין יענער צייט האָט געלעבט איין ארענדער אין א דאָרף, ער האָט נושא חן געווען ביי דעם פריץ, און דער פריץ האָט איהם זעהר גע־ליעבט און ער האָט געטאָהן מיט איהם חסד, ער האָט איהם גערופען מאשקע ווייל זיין נאָמען איז געווען משה ר׳ יוסף׳ס. זיין פרוי האָט געהייסען לאה חיים יעקב׳ס, אַן ארענטליכע אידישע טאָכטער, אַן אַפּגעהיטע, זיי זיינען געווען רייך און גליקליך, זיי האָט גאָרניט געפעלט, נאָר איין זאַך האָט זיי ניט געלאָזען זיין גליקליך, זיי האָבען ניט פאַר קיינעם געדאַכט ניט געהאַט קיין קינדער, זיי האָבען ניט געקלערט וועגען זייער רייכקייט וואָס קיינער וועט זיי ניט קענען ירש׳ענען לאחר מאות שנה, נאָר איבעהויפּט האָבען זיי גע׳דאגה׳ט פאַר א קדיש לאחר מאות שנה, און אויך, ער האָט ניט וועמען איבער צוגעבען דעם חלק התורה וואָס ער האָט געלערענט ביי זיינע רבים און עס איז דאָך א גרויסער זכות אַז מען האָט וואָס צו איבערגעבען און צו וועמען איבערצוגעבען. ער האָט זיין פרוי גאָרניט געזאָגט ווייל ער האָט איהר ניט געוואָלט פאַרשאַפען קיין גרויסע שמערצען, נור ביי זיך אין הארצען איז ער געווען פול פאַר׳דאגה׳ט אויף דערויף וואָס קיין קינד קומט ניט. האָבען זיי זיך מיישב געווען וואָס טהוט מען, איז ביי זיי געבליבען אַזוי ווי צו זיי פאָהרט אריין איינער פון די גרויסע רביים, זאָלען

זיי איהם זאגען פון זייער זארג און בעטען ביי איהם ער זאל בעטען ביי גאט אז זיי זאלען געהאלפען ווערען.

אזוי איז געווען, חנוכה צייט ווען דער גרויסער רבי איז פארפאהרען צו זיי אין הויז מיט אלע זיינע חסידים האבען זיי זיךביידע אוועקגעשטעלט ביי דעם רבין'ס טיהר, דער גבאי האט דאס באמערקט איז דאס ביי איהם געווען א גרויס וואונדער, ער האט געוואוסט אז זיי זיינען די אייגענטיהמער פון הויז, זיי זיינען אריין אלעמאהל צום רבין ווען זיי האבען געוואלט און ווען זיי האבען געדארפט, זיי האבען ביי קיינעם ניט געדארפט פרעגען, און דא שטעהען זיי לעבען טיהר. האט ער פארשטאנען אז זיי ווילען וואס פון רבין, ער האט גלייך געלאזט וויסען דעם רבין, זאגט דער רבי, איך וויים ווענען וואס זיי שטעהען דא און איך וויים זייער שווערען פארלאנג נור זאלען זיי אריינקומען, גלייך זיינען זיי אריין צו דעם רבין מיט גרויס יראה, זאגט דער רבי גלייך, איך וויים אייער פארלאנג עס איז זייער שווער צו ערפילען אייער פארלאנג, ווייל דאס איז פארבונדען מיט גרויס הארצווייטאג און גרויס עגמת נפש חו"ח. זאגען זיי, רבי, אויב דאס איז ניט נוגע חו"ח אין נפש ווילען מיר אונזער פארלאנג זאל ערפילט ווערען. זאגט דער רבי, אויב אזוי וועל איך אייך זאגען וואס איהר זאלט טאהן, די סגולה קען איך אייך געבען, אזוי ווי איהר היט דאך די מצוה פון נדה און די פרוי אייערע היט אפ טבילה ווי געהעריג, אבער אין אייער נאכבערשאפט איז דא פרויען וועלכע היטען דאס ניט אפ, און איהר קענט אויף זיי ווירקען אז זיי זאלען דאס אפהיטען, מוזט איהר דאס זעהן טאהן, ווייל א סגולה צו האבען גוטע און געזונטע קינדער איז מען זאל אליין די מצות נדה און טבילה היטען און זעהן אז אנדערע זאלען דאס אויך אפהיטען. אז איהר וועט דאס טאהן וועט אייך גאט געבען קינדער און חאטש דאס איז פארבונדען פאר אייך מיט גרויס עגמת נפש ווייל צוויי זיהן וואס וועלען ביי אייך געבארען ווערען וועלען זיין ניט פארקיינעם געדאכט שטומע, אבער

דאך זאג איך אייך אז די ענדע וועט זיין זעהר גוט. און דער ארענדער מיט זיין פרוי זיינען ארוים זעהר צופרידענע.

אין א מאנאט ארום איז די פרוי לאה חיים יעקב'ס שוואנגער געווארען, אבער ניט פארקיינעם געדאכט זיי זיינען געווארען פון טאג צו טאג ארימער און ארימער, און דערצו האט זי געקראגען גרויסע שמערצען אין בויך, די קינדער אין בויך האבען זיך געשטויסען. וואו דער רבי איז האבען זיי גארניט געוואוסט און זיי האבען ניט געהאט קיין געלט אויף רייזע קאסטען צו פאהרען צו איהם. עס איז געקומען אזוי שלעכט אז זיי האבען ניט געהאט וואס צו עסען, און עס איז זיי געווען זעהר ביטער.

אמאהל האט זיך געמאכט אז עס זיינען דורכגעפאהרען ארימע לייט מיט א גרויסע פוהר, האבער די ארימע לייט זיי אן עצה געגעבען אז זיי זאלען קריגען וואו עס איז א פערדעל און זיי זאלען פאהרען איבער דער וועלט קלייבען נדבות, ער האט ווי עס איז צוזאמען גענומען עפים קליין געלט און ער האט געקויפט א קליין פערדעל אן אלטען און ער מיט זיין שוואנגערדיגע פרוי האבען זיך געלאזט פאהרען איבער די קליינע שטעדטלאך, וואו זיי האבען געטאגט האבען זיי ניט גענעכטיגט און אזוי זיינען זיי ארום געפאהרען, ביז זי האט געפיהלט אז זי געהט צו קינד, און דא גראדע איז א דארף ניט וויים, ער האט אנגעפאנגען צו טרייבען דעם פערדעל גיכער און ער איז קאם געקומען אין דארף, און ער האט זיך געבעטען אז מען זאל איהם ארייז לאזען אין א הויז, האט ער גראדע געטראפען אן ארימע אידיש הויז, מען האט גלייך אויסגעבעט איהר אויף שטרוי, זי האט זיך געלייגט, און מען האט גערופען א שכנה וואס האט געוואוסט ווי צו באגעהן זיך מיט א קימפעטארען, און אין א מזל'דיגע שעה איז געקומען א צווילינג צוויי אינגלאך, אבער מיט וואס צו מאכען דעם ברית איז ניטא האט ער זיך זעהר פארנאנדער געוויינט, ער האט זיך דערמאנט אויף זיין אמאהליגע רייכקייט, ווען דאן וואס פאר א

שעהנעם ברית ער וואלט דאס מאכען, און יעצט ווייס ער ניט וואס ער זאל טאהן. ערשטענס, איז קיין זאך ניטא און קיין מוהל איז אויך ניטא דא אין דארף.

אזוי ווי ער קלערט וואס ער זאל טאהן, איז דער ארימאן וואס האט איהם אן עצה געגעבען אז ער זאל פארען אויף דער וועלט איז אנגעפאהרען מיט א סך ארימע לייט, זיי פאהרען פון א רייכע חתונה, און זיי האבען זיך אפגעשטעלט, זיי ווילען שטעהן לעבען הויז א וואך צייט, אפרוהען מיט זייערע פערדלאך נעכטיגען ווילען זיי אין זייערעביידלאך, זאגט זיי דער בעל הבית, יא, איהר קענט שטעהן דא, און דער בעל הבית דער־צעהלט זיי פון דער גאנצער געשיכטע, זאגען זיי, אויב מען יועט געבען דעם עלסטען פון זיי סנדק, וועלען זיי געבען אלעס וואס מען דארף, זיי פיהרען דאס אלע גוטע זאכען פון דער חתונה, די בעסטע מאכלים.

משה ר' יוסף'ס האט אליין געוואלט זיין דער סנדק, נור ער האט דאך בעסער ניט געקאנט מאכען, חאטש איהם האט פארדראסען וואס ער קען ניט דעם ארימאן וואס וועט זיין סנדק, אבער אז ער האט געזעהן אז מען מוז אזוי טאהן האט ער געדאנקט גאט און ער האט געזעהן אז גאט האט אין איהם ניט פארגעסען, און ער האט איהם אנגעפאנגען צו ווייזען זיינע חסדים. דערווייל האבען גלייך די ארימע לייט אריין געטראגען עטוואס ווין צו שטארקען די קימפעטארען און מען האט אפ־געקאכט עטוואס גריץ מיט מילך, עס איז געווארען שטיל און רוהיג, מען האט אלע נאכהער גענומען צוביסלאך משקה.

גלייך נאכדעם איז משה ר' יוסף'ס אוועק געפאהרען מיט זיין קליין פערדעל אין שטאדט אריין, ער פאנגט זיך אן נאכצופרעגען וועגען א מוהל, האט ער געזעהן אז ער איז גע־קומען אין א בעקאנטע שטעדטעל, ער באטראכט, דערזעהט ער אז ער איז אין דער שטעדטעל ניט וויט פון זיין היים, ווייל ביז אהער, פון דעם לאנג פאהרען, האט ער אפילו ניט גע־וואוסט וואו ער פארט און דא אז ער האט דערזעהן אז ער איז

ניט ווייט פון זיין היים האט ער געזעהן אז ער ווער אין גיכען געהאלפען ווערען, דא האט ער שוין געזעהן אלע באקאנטע, ער איז אריין צום רב פון שטאדט, ער דערצעהלט איהם אלעס דער רב האט זיך זעהר דערפרעהט ווען ער האט דערזעהן משה ר׳ יוסף׳ס, און ער האט איהם געזאגט דאס ער פארט מיט דעם מוהל צום ברית נור ער וויל זיין סנדק, זאגט ר׳ משה, רבי, דאס קען איך אייך ניט טאהן ווייל דער סנדק איז שוין אפגעגעבען געווארען צו אן ארימאן וואס האט מיר ארויס געהאלפען ביי מחיה זיין די קימפעטארען מיט דאס קינד און יעצט ווילען די ארימע לייט מאכען דעם ברית אויך, זאגט דער רב פון שטאדט, מיר ווילען מאכען א שעהנערען ברית, האט ר׳ משה יוסף׳ס געענטפערט אז דאס קאן אויך ניט זיין, זיי האבען שוין די מצוה באשטעלט. זאגט דער רב מיט א פרעהליכען קול, איך זעה איהר זיינט זעהר ארענטליך אין אלעס, אלזא איז מיין ברכה איהר זאלט געהאלפען ווערען פון יעצט אן מיט אלעס גוטס און איך פאהר אויפ׳ן ברית מיט א סך חשוב׳ע בע״ב, חאטש איך וועל קיין סנדק ניט זיין און דער ברית מוז זיין שעהן און עס קען זיין אז מיר ווילען קענען אפקויפען ביי דעם ארימאן דעם סנדק, און זיי האבען אלע זיך אריין געזעצט אין א גרויסען וואגען מיט גוטע פערד און מען האט מיטגענומען כל טוב אויפ׳ן ברית.

אזוי ווי מען איז צו געפאהרען צום דארף האבען זיי גלייך צוגערופען דעם ארימאן וואס דארף זיין סנדק און זיי האבען איהם געזאגט, דא איז געקומען דער רב מיט די שעהנ-סטע בעה״ב פון שטאדט, אפשר וועט איהר לאזען דעם רב זיין סנדק, זאגט דער ארימאן פאר קיין פאל ניט, איך וועל די מצוה בשום אופן ניט אפלאזען, זאגען זיי, מען וועט דיר געבען וויפיעל געלט דו ווילסט נאר זאלסט אפלאזען סנדק צו דעם רייכען בעה״ב וואס שטעהט דארטען מיט דער לאנג גראהע בארד, זאגט דער ארימאן פאר קיין געלט לאז איך די מצוה ניט אפ, זאגען זיי, מען דארף פרעגען ביי משה, זאגט משה ר׳

יוסף׳ס, איך וועל פאר קיין פאל מיין ווארט ניט בייטען, און מסתמא דארף אזוי זיין, מסתמא האט ער א זכות.

עס איז געקומען דער טאג פון ברית, מען האט זיך אנ-געפאנגען צו גרייטען זיך, אויפ׳ן ברית איז געווען אלע זאכען פון די שעהנסטע און פון די בעסטע, עס איז געקומען צו סנדק האט מען געמוזט מכבד זיין דער ארימאן, ער זעהט אבער ווי ווי מען וויל די אנדערע כבודים איינטהיילען עטליכע פון די שעהנע בעה״ב, לאזט ניט דער ארימאן, ער האט געזאגט, וואס דענקט איהר מיר וועלען לאזען די רייכע וואס זיינען געקומען דערנאך זיי זאלען האבען די כבודים, ווען ניט מיר וואס וואלט געווארען חו״ח פון דער קימפעטארען מיט די קינדער, מיר האבען דאך איהר געראטעוועט און פון פריהער האט איהר דאך געטראכט, קיין מנין האב איך ניט האט איהר דאך אונז באשטעלט אז מיר זאלען זיין צום מנין און איהר האט אונז צוגעזאגט אלע כבודים און יעצט ווילט איהר גאר נעהמען אנ-דערע, אז גאט האט אייך אנגעפאנגען צו העלפען ווילט איהר יעצט נעהמען און בארויבען ארימע לייט פון כבוד און פון זייערע פארדינטע מצות. און אויך דער ברית מוז געפראוועט ווערען מיט אונזערע זאכען וואס מיר האבען מיטגעבראכט מיט אונז, און נאכהער אז מען וועט ווערען וועט מען קענען זיצען און פארברענגען מיט אייערע זאכען וואס איהר האט אנגעברענגט, און מאכט דאס עטוואס גיכער וויל מיר מוזען גלייך אפפאהרען נאכ׳ן ברית.

עס האט זיך אנגעפאנגען דער ברית, מען האט מכבד געווען איינעם פון די ארימע לייט מיט דער ברכה ער איז געווען אפגעריסען און מאוס אנגעטאהן און איינגעבויגען און קיינער האט זיך גארניט געוואלט צוקוקען זיך צו איהם און צוהערען זיך צו דער ברכה, ער האט אפגעזאגט די ברכה און האט אליין געטרונקען פון דעם וויין, און ער האט געגעבען אלע ארימעלייט צו ביסלאך און ער האט דעם קינד איינעם אויך געגעבען פון דעם וויין מיט זיין פינגער אלעק אין מויל

אריין, און ער האט געוואלט דעם אנדער קינד אויך געבען א לעק פון דער וויין, איז צוגעלאפען איינער פון די בעה"ב און האט ארויס געכאפט דעם בעכער פון די הענט און האט אויס־געגאסען דעם וויין און ער האט געזאגט, דעם וויין וואס אלע ארימע לייט די אפגעריסענע די שמוציגע האבען געטרונקען יאל מען געבען די קינדער צו טרינקען, רופט זיך אפ דער ארימאן דער בעל סנדק, יעצט קען איך דערוויל גארניט העל־פען זעצט זיך אלע צום טיש און זיי האבען ארויסגענומען זייערע אלע גוטע זאכען און זיי האבען געגעסען און געטרונקען און האבען זיך אלע משמח געווען און די עסענס האט אלעמען געשמעקט זעהר פיין.

נאכדעם רופט זיך אפ דער עלסטער ארימאן דער בעל סנדק צו משה ר' יוסף'ס, הער זיך איין, אפשר ווילסטו מיט אונז פאהרען צוזאמען, זאגט ער, איך וועל הערען וואס די בעה"ב וועלען זאגען, רופען זיי זיך אפ וואס דארפסטו זיך שלעפען אויף דער וועלט, דו ווייסט דער פריץ, דער וואס האט געמאכט אז דו זאלסט אנטלויפען איז שוין גע'פגר'ט און זיין זוהן זוכט דיר שוין לאנג ארום אז דו זאלסט איבער נעהמען די פיהרונג איבער אלע זיינע גיטער און ער וועט דיר אלעם פאלגען, רופט זיך אפ דער ארימאן איהר זיינט א עהרליכער מאן וואס איהר האט ניט געביטען אייערווארט, עס טהוט מיר הנאה וואס עס האט זיך אנגעפאנגען אייער גליק, אבער אונז פארדריסט וואס מיר האבען אנגעווארען אייער חבר'שאפט, זייט געזונט איך וועל קומען ווען עס איז געוואהר ווערען די קינדער, זיי האבען אלע זיך געזעגענט און זיי זיינען אוועק געפאהרען.

נאכהער האט מען זיך געזעצט צום טיש און מען האט אנגעפאנגען פארברענגען, איז דער נייער פריץ אויך אנגע־פאהרען מיט זיינע גוטע פערד און א גוטען קארעטע פאר משה, וויל ער האט דערהערט אז זיי זיינען דא, מען האט אנגע־פאנגען צו טאנצען און פרעהען זיך נאך מעהר און מען האט

פארבראכט זייער פיעל אין געזאנג מיט שירים ותשבחות דריי טעג נאכאנאנד.

נאך דער שמחה האט דער פריץ געארדערט אז דעם ישובניק דעם דארפסמאן זאל מען אויסבויען א שעהנע הויז דערפאר וואס ער האט פיעל געטאהן פאר דער קימפעטארען און ער האט געזאגט, זיי דארף מען גוט באלוינען פאר זייער גוטהערציגקייט, פון היינט אן זאל מען קיין ארימאן ניט אפ-זאגען ווייל זיי ראטעווען אויך מענשען אזוי ווי א גביר, און מען האט באלויט משה ר' יוסף'ס מיט געזאנג און פרייד אין דעם פריהערדיגען דארף און אין א סך שעהנערע הויז ווי עס איז געוועזען.

די צייט האט זיך אנגעפאנגען פאר משה ר' יוסף'ס זעהר גוט, ער איז אלץ וואס ווייטער געווארען רייכער און רייכער און ער האט א סך מעהר צדקות געטאהן און זיין נאמען האט גע'שמ'ט איבעראל, און אלע ארימע לייט זיינען געקומען בעטען נדבות פון משה ר' יוסף'ס, נאר דער ארימאן מיט זיין קאמפאניע זיינען קיין איינמאהל ניט געקומען, און ביי זיי איז דאס געווען א גרויסער וואונדער וואס זיי קומען ניט, זיי האבען שוין אויפגעהערט צו טראכטען וועגען דעם ארימאן נאר דא האבען די קינדער אנגעפאנגען צו ווערען גרעסער און שעהנער און געראטען, אבער צום באדויערען האט דער אינגערער ניט פאר קיינעם גערעדט ניט געקענט ריידען, און זיי האבען ניט געוואוסט וואס צו טאהן, זיי וואלטען געפאהרען צום פריהער-דיגען רבין וואס האט זיי צוגעזאגט קינדער, און עס איז גע-קומען צוויי קינדער ריכטיג ווי ער האט געזאגט, איז דאך א פאקט אז ער איז א צדיק, אבער זיי זיינען געווארען אין ספק ווייל זיי האבען געזעהן אז איינער רעדט דאך זעהר גוט און דער רבי האט געזאגט אזביידע וועלען זיין שטומע, האבען זיי ניט געוואלט פאהרען צו דעם רבין און וואו ער זיצט האבען זיי אויך ניט געוואוסט ביז וואנען זי האט איהם אנגעפאנגען צו פרעגען וואס וועט זיין דער קינד רעדט דאך ניט און דו

# דער משיח אלמים

ביזט פאַרנומען מיט דיינע געשעפטען און דערווייל זעהסטו גאָרניט וואָס דער קינד וואַקסט אַ שטומער, לאָמיר געהן פאָרען זוכען דעם רבין אפשר וועלען מיר פּאָרט געפינען ווי צו העלפען דעם קינד אַז ער זאָל ניט זיין קיין שטומער, זיי האָבען זיך געלאָזט אין וועג געפאָהרען זוכען דעם רבין. אין וועלכער שטאָדט זיי זיינען געקומען האָבען זיי געפרעגט אויפ'ן רבין ביז זיי זיינען געפאָהרען אַמאָל און זיי האָבען פאַרבלאָנדזשעט ווייל עס איז געוועזן אַ גרויסער שנייאון עס איז געווען גראָדע נאַכט און זיי האָבען ניט געוואוסט וואָס צו טאָהן האָבען זיי דערזעהן פון וויטען אַ ליכטיגקייט אין וואַלד, זיינען זיי צו געפאָהרען צו דער ליכטיגקייט, האָבען זיי אַנגעקלאַפּט אין טהיר אריין צוגעהן, האָט מען זיי געענטפערט אַז זיי קענען אריין געהן, זיי זיינען אריין געקומען האָט זיי אַ איד אויפ-גענומען גאַנץ פיין און ער האָט זיי געגעבען צו עסען און צו טרינקען און ער האָט אָנגעפאַנגען ביי זיי צו פרעגען ווי קומען זיי אַהער, האָבען זיי איהם דערצעהלט פון אַלעס, זאָגט ער צו זיי, וואָרט אויף אַ ווייַלע, איך בין דאָ אַ משמש פון אַ רבי'ן און ער וויים אַלעס, פילייכט ווייס ער וואו דער רבי געפינט זיך. דער משמש איז גלייך אַראָפּגעגאַנגען אונטען און דער-צעהלט דעם רבי'ן די גאַנצע מעשה האָט דער רבי געזאָגט אַז ער וועט זיי צולאָזען צו זיך נאָר בתנאי זיי זאָלען קיינעם גאָרניט דערציילען, האָט ער זיי אריין געלאָזען צו זיך האָבען זיי איהם דערצעהלט פון דער גאַנצער מעשה און זיי האָבען איהם געבעטען ער זאָל געבען אַ רפואה צו דעם שטומען קינד. זאָגט ער צו זיי קיין פולע רעדען קען איך מיט אייך ניט, אַ רפואה וועט געגעבען ווערען צום קינד דורך דעם אָרימאַן דעם בעל סנדק מיט מיר צוזאַמען. ווען דער קינד וועט אָנפאַנגען צו געהן אין חדר דאַן זאָלט איהר מאַכען אַ גרויסען סאָהלצייט און פאַרבעטען אַלעמען, איבערהויפּט אָרימע לייט זאָלען זיין געלאַדען אַסך און זיי זאָלען זיין אייערע הויפּט געסט, דער אָרימאַן דער בעל סנדק וועט אויך קומען און איך, ווייל איך

האָב אייך צוגעזאָגט אַז די ענדע וועט זיין זעהר גוט וועל איך אויך קומען צו דער שמחה און דאַן וועט אייער־זוהן געהאָלפען ווערען. זיי האָבען זי צוגעקוקט האָבען זיי זיך דערשראָקען, זיי זעהען דאָס דער רבי וואָס פלעגט צו זיי פאָרפאָהרען דאָס איז ער און נאָכהער האָבען זיי זיך באַרוהיגט און זיי האָבען זיך פאַרנאַנדער געוויינט, דאָס זיינט איהר דאָך דער רבי וואָס פלעגט צו אונז פאַרפאָהרען, און זיי האָבען זיך פאַרשעהמט ווייל זיי האָבען בעפאָר געוועזען אין ספק צו זיי זאָלען פאָהרען צו איהם, נאָר נאָכהער האָבען זיי זיך באַרוהיגט, זאָגען זיי איהר וועט אונז ערלויבען צו פרעגען אייך די פראַגע, דער רבי איז הייליג, און זיינע רייד זיינען ביי אונז טייער, אָבער מיר מוזען זיך מודה זיין אַז מיר זיינען געוועזען די לעצטע צייט אין ספק ווייל מיר האָבען געהערט דאָסביידע קינדער וועלען ניט פאַרקיינעם ניט געדאַכט זיין שטומע און דאָך זעהען מיר אַז איינער אַ דאַנק גאָט רעדט זייער גוט, האָט דער רבי זיי געענטפערט, דאָס קען איך אייך יעצט ניט זאָגען, נור ווען איך וועל זיין ביי אייך דאַן אי״ה וועט אייך אַלעס באַוואוסט ווערען און איהר וועט אַלעס פאַרשטעהן.

עס איז געקומען די צייט אויף דאָס פינפטע יאָהר וואָס די קינדער האָבען געדאַרפט אוועק געהן אין חדר האָט משה ר׳ יוסף׳ס פאַרנאַנדען געשיקט שלוחים אומעטום, אַלע אָרימע לייט זאָלען קומען צו דער שמחה, עס זיינען אָנגעפאָהרען פיעל אָרימע לייט פון גאַנצען געגענד, מען האָט אַלעמען געגעבען צו עסען און צו טרינקען פון דאָס בעסטע און פון דאָס שעהנסטע אָבער משה רבי יוסף׳ס זוכט דעם אָרימאַן צווישען אַלע אָרימע לייט און ער קען איהם ניט געפינען, ער איז ניטאָ, צו איהם זיינען אָנגעפאָהרען בעה״ב רבנים, עס דאַרף זיך אָנפאַנגען די שמחה און דער אָרימאַן איז נאָך אַלץ ניטאָ.

באַלד איז צוגעפאָהרען אַ פוהר, משה לויפט אַרויס אַקעגען, ער זעהט דער רבי יענער איז געקומען, האָט ער איהם גלייך אַריינגעפיהרט אין דעם בעסטען צימער וואָס ער האָט

# דער משיח אלמים

געהאט און דער רבי זאגט, אין א שטונדע ארום זאלט איהר אנפאנגען, גרייט צו צוויי אלף-בית׳ן, צוויי טליתים, צוויי פלעשעלאך האניג, א מלמד האב איך מיט געבראכט און האניג האב איך אויך מיטגעבראכט. און גלייך איז צוגעפאהרען דער ארימאן דער בעל סנדק, משה ר׳ יוסף׳ס איז ארוים פון רבין׳ס הדר, ער גיט א קוק, עס איז צוגעפאהרען א שעהנער איד מיט א פיינער בארד מיט זעהר א ליכטיגער צורה, מען האט גע־זעהן אז די שכינה רוהט אויף איהם, ער האט איהם גלייך געגעבען א צימער און ער געהט אריין צום רבין פרעגען פילייכט וועט איהם דער רבי זאגען וואס צו טאהן ווייל דער עולם איז אומרוהיג און ער ווייס אויך ניט ווען דער ארימאן וועט קומען, ווייל משה האט איהם ניט דערקענט. דער רבי זאגט מען זאל אנפאנגען די שמחה, זאגט ער, דער ארימאן איז דאך נאך ניטא, האט איהם דער רבי געזאגט ער זאל ניט פרעגען קיין קשיות אויב ער וויל געהאלפען ווערען מיט אן אמת, מען האט אנגעטהאן די קינדער די טליתים פון גרויסע עהרליכע מענשען, מען האט צוגעגרייט די אלף-בית׳ן, מען האט צו־געפיהרט די אינגלאך צום מלמד, דער רבי מיט אלע רביים מיט די אלע רבנים האבען אנגעטאהן טליתים, דער שעהנער איד האט אנגעטאהן א קיטעל אויך, און איז צוגעגאנגען צום רבין, האבען זיי באשמירט דעם אלף-בית מיט האניג, איז דער איד מיט׳ן קיטעל צוגעגאנגען צו די קינדער מיט׳ן רבי און זאגט צו די קינדער, אייער כח הדיבור האט אייך גאט געגעבען, זאגט צו אז איהר וועט קיינמאהל קיינמאהל קיין שלעכט ניט טאהן מיט׳ן מויל נצר לשונך מרע ושפתיך מדבר מרמה לא תלך רכיל בעמך, אז איהר וועט נעהמען אויף זיך צו היטען מיט דעם צונג צו עוסק זיין נור אין תורה און אין מצוות וועט איהר גלייך געהיילט ווערען, און ער האט געגעבעןביידע קינדער עטוואס פון דעם האניג פון דעם אלף בית און ער האט גלייך געזאגט די קינדער, זאגט אלף האבען ביידע געזאגט אלף, בית האבען ביידע געזאגט בית, גימעל האבען ביידע געזאגט גימעל,

# דער משיח אלמים

נאכהער האבען זיך די קינדער געפאלען איינער אויף דעם צווייטען אויף די העלזער און עס איז געווארען שמחה וששון.

דאן האט דער רבי באפוילען אז קיינער זאל גארניט טועם זיין ביז וואנען ער וועט דערצעהלען אלעמען די מעשה עס זאל אלעם פארענטפערט ווערען. דער מאן וואס ער איז געוועז אנגעטאהן אין דעם קיטעל, דאס איז דער מאן וואס איז געוועז סנדק ביי דעם ברית, איך גיב איהם יעצט דעם טיטול משיח אלמים, ער קען מאכען שטומע זאלען ריידען, ער קריגט דאס ווייל איהם האט מען באוויזען מן השמים וואו דער קוואל קוועלעדיגע וואסער אזעלכע געפינט זיך און מען האט איהם געלערענט ווי צו באגעהן זיך מיט זיי און ווען זיי ווירקען און זיין תפלה איז זעהר חשוב אין הימעל ווייל ער האט באמת תשובה געטאהן אויף לשון הרע און רכילות און אויף ביטול תורה און ער היט זיך ניט צו פארשעהמען תלמידי חכמים, פיעלע מענשען טוהען די עברות און קוקען זיך ניט אום און זיי בעטראכטען גאר ניט אז דאס זיינען עבירות וואס מען לאזט ניט צו חו"ח די תפלות ווייל אז דער מויל איז ניט ריין וויל מען חו"ח ניט אננעהמען חו"ח די תפלות, אבער דער מענש האט זעהר שטארק תשובה געטאהן און האט אסך צייט אפ-געריכט גלות אלס ארימאן און ער האט ניט גערעדט קיין שיחת חולין און ווען ער האט יא גערעדט איז דאס געוועזן מיט הייליגע כוונות. תורה האט ער מיט גרוים הייליגקייט געלערענט און ער איז געקומען צו אזא מדרגה אז מלאכים האבען זיך אנגע-פאנגען צו הערען צו יעדער ווארט זיינעם און זיי האבען איהם פיעל סודות געלערענט, ער איז ניט פארקיינעם געדאכט אמאל קראנק געווארען און ניט פארקיינעם געדאכט איז ער שטום געווארען, ער האט פיעל טרערען פארגאסען פאר וואס ער וועט ניט קענען לערנען תורה און אויף קיין אנדער זאך האט איהם ניט געקימערט. ווי ער לייגט זיך שלאפען חלום'ט זיך איהם אז אן אלטער מאן מיט א גרויער שעהנע לאנגע בארד קומט צו צו איהם און ער זאגט איהם מיין קינד גאט האט צוגעהערט

# דער משיח אלמים

דיין געבעט, שטעה אויף גלייך און געה אין דעם וואלד וועסטו זעהן א טויב באמערק וואו די טויב טרינקט, דארטען זאלסטו גלייך צוגעהן זאלסטו אנשעפען מיט דער כלי וואס איך גיב דיר און זאלסט גלייך א זופ טאהן און אנפיהלען תיכף נאך אמאל, און אדער צו א ברית אדער ווען מען וועט אנפאנגען מיט א קינד לערנען וועסטו זיי אין עפעס געמישט פון דעם וואסער א טראפען געבען וועלען זיי גלייך געהיילט ווערען, און ווי ער איז אויפגעשטאנען איז ער גלייך פארוואונדערט געווארען, ער זעהט א כלי אין האנט, ער האט געטאהן גלייך ווי דער אלטער מאן האט איהם געזאגט און ער איז געהיילט געווארען קיינער האט פון דערפון ניט געוואוסט נאר איך, און דאס האט מען אונז געלאזט וויסען אז די וואסער קען ווירקען נאר פאר אזעלכע וואס ריידען קיין לשון הרע און אויב מען רעדט וואס מען דארף ניט העלפט דאס ניט. איך האב געוואוסט אז די קינדער דארפען חו"ח זיין שטום, איך האב אבער גע־פועל'ט אויף א תנאי אז אויב זיי וועלען זיך היטען פון לשון הרע קענען זיי געהיילט ווערען נור פון א הייליגער מויל מיט א הייליגען מיטעל כדי מעהר זאלען זיי קיין לשון הרע ניט ריידען האב איך איהם געשיקט פארשטעלט, ווייל עס איז נאך ניט געוועזען די צייט צו ענטדעקט ווערען און ער האט דאן געוואלט זיין סנדק כדי געבען די קינדער אין דעם וויין אביסעל וואסער איינעם האט מען געגעבען פון די וואסער דערפאר האט ער געקאנט גלייך ריידען, אבער דעם אנדערען האט מען ניט גע־געבען ווייל מען האט אויסגעגאסען די וויין, איז ער געבליבען שטום און ווייל זיי האבען ניט געוואלט גלויבען אין מיר וואס איך האב פאר זיי פיעל גוטעס געטאהן צוליעב דעם וואס איינער האט גערעדט האבען זיי דאך געקלערט אז איך האב ניט געוואוסט, דערפאר האבען זיי ניט געהאט די זכיה צו דעם אז דער ארימאן זאל קומען פריהער, האבען זיי מיר גע־מוזט פאהרען זוכען און יעצט האט דער ארימאן אריין געגעבען אין די האניג עטוואס פון דאס וואסער און דער קינד איז

# דער משיח אלמים

געהיילט געווארען, און איך זאג אייך אלעמען היט זיך פון לשון הרע פון רכילות, מען טאר קיינעם ניט באריידען, מען טאר ניט ריידען אויף תלמידי חכמים, לערענט די תורה און גאט וועט צוהערען אייער געבעט.

דער רבי האט געענדיגט זיין מעשה האבען אלע געזעהן די גרויסקייט פון גאט ב"ה וואס ער קען מאכען ריידען שטומע, און ער האט באשאפען אזא וואסער וואס קען היילען שטומע אפילו, און מען האט געזעהן די גרויסקייט פון זיין תורה און מען האט געזעהן דעם גליק וואס עס איז דא פאר דעם מענשען וואס היט די תורה און צו וואס פאר א מדרגה א מענש קען דערגרייכען נור ווען ער היט די תורה און ווי דער שכר איז גרוים אז מען האלט דעם מויל הייליג.

די קינדער זיינען אויפגעוואקסען גרויסע עהרליכע אידען די עלטערען האבען גרוים נחת געהאט פון זיי און זיי האבען אלע געלעבט גליקליך.

די מעשה דארף יעדער לייענען איינציגע מאהל און וויסען ווי צו האלטען דעם מויל הייליג וועט ער גרייכען צו א הויכע מדרגה אז אלע זיינע תפלות זאלען אנגענומען ווערען ולראות פני השכינה, ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים.

---